י. ל. פרץ פאַר דער שול

# אַ גלגול פון אַ ניגון

רעדאַקטירט פאַר דער יוגנט פון א קאָמיסיע לערער
ביים צענטראַלן-בילדונגס-קאָמיטעט אין ווילנע

ווילנער פאַרלאַג פון ב. א. קלעצקין :: 1922

י. ל. פרץ פאַר דער שול

# א גלגול פון א ניגון

רעדאקטירט פאַר דער יוגנט פון
אַ קאָמיסיע לעו״ער ביים צענטראַלן·
בילדונגס·קאָמיטעט אין ווילנע



ווילנע — 1922
ווילנער פאַרלאַג פון ב· א· קלעצקין·

# אַ גלגול פון אַ ניגון.

— אַ טאַלנער ניגון ווילט איר?

דאַכט זיך, אין פלוג אַ קליינינקייט—נעמען אַ ניגון פון אַ טאַל-נער שלש-סעודות און נאָכזינגען! עס איז אָבער נישט אַזוי ווי עס דאַכט זיך!

דער טאַלנער ניגון מוז געזונגען ווערן ברב עם, חברה מוז אים זינגען!

אונטערהעלפן ווילט איר? ניין, ברודער! מיט דער הילף פון פוילישע חסידים זינגט זיך נישט קיין טאַלנער ניגון!

איר האָט גאָר קיין השגה, קיין ידיעה אין נגינה!

איך הער דאָך אייערע כלי-זמרים, אייערע חזנים! עס גרימפּלט זיך, נישט עס שפּילט און ביים זינגען רייסט איר אייך, ווי גע-קוילעטע הענער! אַפילו די סיני-ניגונים קומען ביי אייך אַרויס משוגה-ווילד... און אייערע מאַרשן, אייערע קאָזאַקלאַך? זיי זייבען נאָך ווילדער ווי אייערע תּנועות און הויות! איר זאָגט, עס איז חסידות!... ביי אונז זייבען אַנדערע חסידים!...

פונוואַנען מיר האָבן נגינה? אפשר קומט עס שוין בירושה און אפשר ליגט עס אין דער געגנט!

אין אונזער קיעווער געגנט איז אין בית אָן אַ פידעלע!

אַ באַלעבאַטיש קינד, אָדער, ווי מען זאָגט אין יענע קאַנטן: אַ טאַטנס אַ קינד, מוז האָבן אַ פידעלע, מוז קענען שפּילן...

איר ווילט וויסן, וויפל מאַנסלייט עס געהערן צו אַ שטוב? קוקט אויף די ווענט! וויפל עס הענגען פידעלאַך, אַזויפיל מאַנסליים!

אַלע שפּילן: עס שפּילט דער זיידע, עס שפּילט דער פאָטער, עס שפּילט דער זון...

עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס יעדער דור שפּילט זיך זיינס, שפּילט אַנדערש, שפּילט באַזונדער!

דער אַלטער זיידע שפּילט סיני־ניגונים אָדער אַזוי חזנישע וואַכן: אַ „כל־נדרי", „שושנת יעקב", אַ „גדי קשור־ידים"—אַ דאגה וואָס? דער פּאָטער, אַ חסידישער מענטש, צעגייט זיך אין אַ גוט־יידישן שטייגער! דער זון ווייטער — שפּילט שוין פון נאָטן! מען שפּילט שוין גאָר פון טעאַטער!

אַזוי ווי דער דור, אַזוי איז דער ניגון!

— וואָס טוען חסידים, אַז עס פעלט אַ ביסל בראָנפן? רעדט מען פון בראָנפן!.. זינגען איינער אַליין, אָן חברה, אָן אַ ברען פון עולם, קען מען נישט; וועלן מיר ר י י ד ן פון נגינה...

נגינה, מוזט איר וויסן, איז אַ גרויסע זאַך! גאַנץ טאַלנע איז געשטאַנען אויף מלוה־מלכּהס, און דער עיקר מלוה־מלכּה איז געווען דער ניגון!

עס ווענדט זיך נאָר, ווער עס זינגט און וואָס ער זינגט...

מיט די אייגענע ציגל קען מען שטעלן אַ שול און אַ קלויס־טער, אַ פּאַלאַץ און אַ תּפיסה, און גאָר אַ הקדש!

מיט די אייגענע אותיות שרייבט מען סודות התורה און, להבדיל, דאָס גרעסטע אפּיקורסות! און מיט די אייגענע קולות קען מען אַרויף צו דער העכסטער מדרגה פון התלהבות און דבקות, און מען קען אַראָפּ ביזן שאול תּחתּיה און וואַלגערן זיך דאָרט ווי וואָרים אין בלאָטע!

אַ בריוול — ווי מען לייענט עס; אַ ניגון ווי מען זינגט אים!

נעמט, למשל, אַ „פריילאַכס"; קען עס זיין אַ טאַלנער שבת־שירהדיקע מלוה־מלכּה, — אַ שמחה פון מצוות און מעשים־טובים; און עס קען זיין די פרייד פון אַן אויסגעלאַסענעם פויגל אין אַ הפקר־וועלט!

אַ ניגון ברענט, טאָקע „תּוכו רצוף אהבה" — אויסגעווייקט איז ער מיט ליבשאַפט; נאָר ליבשאַפטן זיינען פאַראַנען אַ סך: עס איז פאַראַנען אהבת המקום, אהבת הבריות, אַ ליבשאַפט צו כל־ישראל... איינער אָבער האָט גאָר ז י ך אַליין ליב, צי גאָר, רחמנא ליצלן, אַן א ש ת ־ א י ש!

אַ ניגון קלאָגט זיך, אַ ניגון וויינט, נאָר איינער וויינט אויפן נחש, אויפן פאַרלאָרענעם גן־עדן; אַ צווייטער — אויף גלות השכינה,

אויף חורבן בית-המקדש, אויף אונזער דלות און שפלות!... „ראה עמידתנו!... קלאָגט ער זיך, דער ניגון... און נאָך אַ ניגון וויינט, אַז עמיצן איז אַ יפה־פיה אַנטלאָפן!

עס איז פאַראַנען אַ ניגון פול מיט בענקשאַפט; נאָר צו וואָס בענקט ער, דער ניגון? עס בענקט אַ נשמה צוריק צו איר שורש, און עס בענקט אַן אַלטער כּלב אָן ציין צו יונגע יאָרן מיטן יונגן יצר־הרע!

נעמט כאָטש דאָס לידל:

ר׳ דודל האָט געוואוינט אין וואַסילקאָוו —
אין וואַסילקאָוו
און היינט וואוינט ער אין טאַלנע;
ר׳ דודל, ר׳ דודל האָט געוואוינט אין וואַסילקאָוו,
היינט וואוינט ער אין טאַלנע!...

עס זינגען עס טאַלנער, עס זינגען עס וואַסילקאָווער! נאָר אַז די טאַלנער זינגען, איז עס אַן אמת „פריילאַכס", שפריצט עס און ברענט מיט שמחה, מיט תענוג; זינגען עס אָבער וואַסילקאָווער, איז עס אויסגעווייקט מיט צער און מרה-שחורה! און ווענדן ווענדט זיך עס אין דער נשמה, וואָס מען גיט אַריין אין ניגון!...

— — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער ניגון, מוזט איר וויסן, איז אַ סך־הכּל פון קולות, אָדער, ווי יענע זאָגן—טענער.

די קולות אָדער די טענער נעמט מען פון דער טבע; זיי איז קיינער נישט מחדש, און אין דער טבע פעלט נישט קיין קולות. אַלץ האָט אַ קול, זיין אייגענעם קלאַנג, אויב נישט גאָר אַ גאַנצן ניגון!

די גלגלים, האָבן מיר אַ קימא לן, זינגען; טאָג און נאַכט — „יום ליום... לילה ללילה..." האָבן זייער זמר... מענטשן און פייגל זינגען, חיות ובהמות זאָגן שירה... אַ שטיין אָן אַ שטיין קלאַפּט, מעטאַל קלינגט... וואַסער, אַז עס לויפט, שווייגט עס ניט; היינט אַ וואַלד! ביים קלענסטן ווינטל, זינגט ער דאָך אַ „וואָלאַך", אַן אמתן, שטילן, זיסן וואָלאַך! און די באַן, למשל. — די חיה־רעה,

מיט די רויט-פלאַמענדיקע אויגן, אַז זי לויפט, באַטויבט זי נישט מיט איר געזאַנג? אַפילו די שטומע פיש, האָב איך אין אַן אַלט ספר געזען, גיבן אויך אַמאָל אַרויס פון זיך אַ קול נגינה. טייל פיש, שטייט אין ספר, שווימען פון צייט צו צייט צום ברעג, קלאַפּן מיט די עקן אין זאמד, אויף אַ שטיין און זינגען זיך דער-מיט מחיה!

ווייניק קולות? מען דאַרף נאָר האָבן אַן אויער, עס זאָל די קולות אויפכאַפּן ווי אַ נעץ, איינזאַפּן ווי אַ שוואָם!

נאָר פון טענער אַליין איז נאָך קיין ניגון נישט!

אַ הויפן ציגל איז נאָך נישט קיין הויז!

דאָס איז ערשט דער גוף פון ניגון; ער דאַרף נאָך אַ נשמה!

און די נשמה פון אַ ניגון איז שוין אַ געפיל פון אַ מענטש: זיין ליבשאַפט, זיין צאָרן, לייטזעליקייט, נקמה, האַרצבענקעניש, חרטה, צער,—אַלץ, אַלץ, וואָס אַ מענטש פילט, קאָן ער אַריינגעבן אין אַ ניגון און דער ניגון—לעבט.

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

וואָרים איך, רבותים, גלויב, אַז דאָס, וואָס מיך איז מחיה, מוז אַליין האָבן אַ חיות, לעבט אַליין!

און היינט, אַז אַ ניגון איז מיך מחיה, אַז איך באַקום פון אַ ניגון אַן אמת חיות, אַ נייע נשמה, זאָג איך, אַז אַ ניגון לעבט...

און והא ראיה: נעמט אַ ניגון און צעשניידט אים, זינגט אים קאַפויער, כאַפּט פריער אַרויס די מיט און דערנאָך זינגט די התחלה מיטן סוף, נו, האָט איר אַ ניגון? בסך-הכל האָט איר אַלע קולות, עס פעלט אייך קיין איינציקער טאָן, נאָר די נשמה איז אַרויס! איר האָט אַ לעבעדיקע ווייסע טויב געקוילעט און אונטערן מעסער איז אַרויס די נשמה!

עס איז געוואָרן אַ מת, אַ בר-מנן פון אַ ניגון!

אין טאַלנע איז ברור כשמש, אַז אַ ניגון לעבט!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַ ניגון לעבט, און אַ ניגון שטאַרבט; און מען פאַרגעסט אַ ניגון, ווי מען פאַרגעסט אַ שוכן-עפר!

יונג און פריש איז ער אַמאָל געווען, דער ניגון! מיט פריש

לעבן האָט ער געשפּריצט... מיט דער צייט איז ער אָפּגעשוואַכט געוואָרן, ער האָט אָפּגעלעבט זיין צייט און די כּוחות זיינען אים אויסגעגאַנגען... עבר־ובטל איז ער געוואָרן... דערנאָך איז זיין לעצטער הויך אַריין אין דער לופט און ערגעץ פאַרשטיקט גע־וואָרן—ואיננו !...

נאָר אַ ניגון קען אויפשטיין תּחית המתים...

פּלוצים דערמאָנט מען זיך אַן אַלטן ניגון, ער שווימט פּלוי־צים אַרויס און רייסט זיך פון מויל אַראָפּ... נישט ווילנדיק, לייגט מען אין אים אַריין אַ ניי געפיל, אַ נייע נשמה, און כּמעט אַ נייער ניגון לעבט...

דאָס איז שוין אַ גלגול פון אַ ניגון...

— — — — — — — — — — — — — — — — —

איר פאַרשטייט מיך וויניק... רעדט מיט אַ בלינדן וועגן ליכט.

ווייסט איר וואָס? מעשיות האָט איר דאָך ליב, וועל איך אייך דערציילן אַ מעשה וועגן אַ גלגול פון אַ ניגון... הערט!

———

דריי־פיר מייל אונטער בערדיטשעוו, באַלד נאָכן וואַלד, איז פאַראַנען אַ שטעטל מאַכנאָווקע; און אין דעם מאַכנאָווקע איז געווען אַ נישקשהדיקע קאַפּעלע כּלי־זמר. נאָר דער ראש־וראשון זייערער, ר׳ חיימל האָט ער געהייסן, דער איז געווען אַ בריה פון אַ מוזיקאַנט,—פדהצור בערדיטשעווערס אַ תּלמיד. דער ר׳ חיימל איז נישט געווען קיין מחדש פון ניגונים, דאָס הייסט: ער איז נישט געווען קיין קאָמפּאָזיטאָר; נאָר אויספירן אַ זאַך, מטעים זיין, פאַרטייטשן, ממש אַריינלייגן אין האַרץ — דאָס האָט ער גע־קאָנט; אין דעם האָט שוין זיין גבורה געשטעקט!

אַ ייד איז ער געווען אַ דאַרער, אַ טרוקענער, האָט ער אָבער אָנגעהויבן שפּילן, איז ער פּלוצים געוואָרן גאָר אַן אַנדער מענטש: די אייביק אַראָפּגעלאָזטע ברעמען האָבן זיך לאַנגזאַם אויפגעהויבן, און פון די שטילע, טיפע אויגן איז געפאַלן אַן אמתע שיין פון רחמנות איבערן בלאַסן פּנים. מען האָט געזען בחוש, אַז צינד איז

ער נישט קיין היגער, זיינע הענט שפּילן אַליין, פון זיך, און די נשמה פליט ערגעץ אַרום, הויך, הויך אין עולם הזמרה... טייל מאָל פלעגט ער זיך פאַרגעסן און אָנהויבן זינגען אויך, און אַ קול האָט ער געהאַט — אַ קלאַרנעט, אַזוי קלאָר און אַזוי ריין...

וואָלט דער חיימל נישט געווען קיין פרומער, פּשוטער ייד, כּמעט אַ תּם, וואָלט ער זיך נישט געקוועלט מיט אַכט קינדערלאַך אין מאַכנאָווקע. ער וואָלט שוין ערגעץ געשפּילט אָדער געזונגען אין אַ טעאַטער, און אפשר קאָר-חזן געוואָרן אין אַ בערלין צי פאַריז... נאָר אַ זווּגע לייט גיט שוין אַרויס פון זיך בערדיטשעווו. חיימל תּם זיצט זיך אינדערהיים און באָרגט חדשים-לאַנג אין אַלע שפּייז-געוועלבלאַך על חשבון פון אַ באַלעבאַטישער חתונה, וואָס מוז דאָך אַמאָל זיין!

און דעמאָלט האָט זיך פּונקט געמאַכט אַ גבירהשע חתונה: און ביים פּער פון מאַכנאָווקע, ביי בערל קאַצנערס אלמנה.

בערל קאַצנער אַליין, — ווערגן זאָל ער מיך קומען, — איז געווען אַ גרויסער וואָכערניק, אַ קמצן — נאָך אַ גרעסערער. אין מויל אַריין האָט ער זיך נישט פאַרגונען... ער פלעגט אַרומגיין און קלויבן קרישקעלאַך נאָך די קינדערס עסן... אַן אייזערן האַרץ האָט ער געהאַט, דער מענטש!

פאַרן טויט, כּמעט אינמיטן דער גסיסה רופט ער צו דעם עלטסטן זון, הייסט זיך דערלאַנגען די ביכער, און ווייזט אָן מיט אַ ברזינעבלאָעם-פינגער, וואו עס איז נישט באַצאָלט קיין ראַטע! און „פּראָלאָנגירן, זאָגט ער, חס ושלום! הערסט! בגזרת כבוד-אב!"

דערנאָך האָט ער צוגערופן דאָס ווייב און געהייסן באַ-האַלטן דאָס קופער, וואָס האָט געהאָנגען אויף דער וואַנט: „מאַך איך צו אַן אויג, — זאָגט ער — איז אַלץ הפקר!" און מיט דעם איז אים די נשמה אַרויס!

איבערגעלאָזט האָט ער טאַקע אַ האַלבן מיליאָן!

ווי געזאָגט, חתונה דער טאָכטער מאַכט די אלמנה, און זי איילט צו, ווייל זי וויל זיך אַליין אויך לאָזן ריידן אַ שידוך; אַ שטיין איז איר אַראָפּ פון האַרץ! אויפגעריכט איז זי געוואָרן!.

און אז חיימל כלי-זמר דאַרף אויך חתונה מאַכן אַ טאָכטער, וואַרט ער מן הסתם אויף דער חתונה, ווי אויף משיחן...

פאַלט אָבער איין דער אלמנה, אַז זי וויל אַראָפּברענגען פדהצורן פון בערדיטשעוו.

באשר בכן? עס וועלן זיין קיעווער מחותנים, קיעווער מבינים, וויל זי צום באַדעקנס אַ נייען אל מלא רחמים; ניט, זאָגט זי, קיין אַלטע אָפּגעשלאָגענע הושענא! עס קאָסט אַזויפיל, זאָל נאָך קאָסטן, און זאָלן די קיעווער זען!

חיימל איז שיר אויסגעגאַנגען.

אין שטאָט איז אויך געוואָרן אַ גערודער; מען האָט אים זייער ליב געהאַט, חיימלען; און עס איז גלאַט אַ רחמנות אויף אַ ייִדן אַן אביון!... מע לייגט זיך אַריין אויף אַ פשר; און סוף-כל-סוף איז געבליבן, אַז שפּילן זאָל טאַקע חיימל מיט דער קאַפּעלע, נאָר פאַר דער חתונה זאָל ער זיך אַראָפּכאַפּן, אויף דער גבירהס הוצאות, קיין בערדיטשעוו און ברענגען פון פדהצורן אַ נייען אל מלא רחמים.

חיימל כאַפּט עטלאַכע רובל, — דערפון לאָזט ער איבער אַ גרעסערע העלפט דער ווייב מיט די קינדער — דינגט אַ פור, און לאָזט זיך קיין בערדיטשעוו.

און דאָ הייבט זיך אָן די מעשה מיטן גלגול.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

ווי זאָגט מען עפּעס, אַן אָרימאַן האָט מזל! פאָרט חיימל פון איין זייט אַריין קיין בערדיטשעוו, און פדהצור פאָרט פון דער אַנדערער זייט אַרויס פון בערדיטשעוו! פּונקט האָט מען אים פאַרבעטן קיין טאַלנע אויף מלוה-מלכה! דער טאַלנער, מוזט איר וויסן, האָט שטאַרק געהאַלטן פון פדהצורן. „סודות התורה", פלעגט ער זאָגן, „שטעקן אין זיינע ניגונים! עס איז נאָר אַ שאָד, וואָס ער אַליין ווייסט זיי נישט!"

מילא, חיימל דרייט זיך אַרום ווי אַן אָפּגעסמטער אין די גאַסן.

וואָס זאָל ער טאָן? אַהיים פאָרן אָן אַן „אל מלא רחמים" טאָר ער נישט — די וועלט וועט זיך קערן! נאָכפאָרן קיין טאַלנע,

אָדער וואַרטן, ביז פדהצור וועט צוריקקומען, קען ער נישט—ער האָט אויסגערעכנטע הוצאות! די גבירה האָט אים ווייניק־וואָס געגעבן און איבערגעלאָזט דער ווייב האָט ער אַסך! האָט ער טאַקע ווילד צער!

פלוצים, דערזעט ער אין גאַס אַזאַ מין סצענע:

שטעלט אייך פאָר, אין אַ שיינעם, העלן וואָכנטאָג, גייט זיך איבער דער גאַס אַ ווייבל, אָנגעטאָן בגדי שבת ויום טוב, אָדער ווי מען זאָגט אין יענע קאַנטן, אויסגעפּוצט אין האָניק און אין עסיק... אויפן קאָפּ טראָגט זי אַ מאָדנעם ציפּיק, מיט לאַנגע, לאַנגע בענדער, סטענגעס פון פאַרשיידענע לעבעדיק־שרייענדיקע קאָלירן!

יער האַנט האַלט זי אַ גרויסע ווייסע, זילבערנע טאַץ.

דעם ווייבל גייען נאָך כלי־זמר און שפּילן, און דאָס ווייבל גייט טאַנצנדיק. טיילמאָל שטעלט זי זיך אָפּ מיט די כלי־זמר פאַר אַ שטוב, אָדער פאַר אַ קלייט, און מאַכט אַ טענצל אויפן אָרט... די מוזיק רופט אַרויס מענטשן פון אַלע זייטן, טירן און פענסטער זיינען אָנגעפּראָפּט—קאָפּ אויף קאָפּ...

די מוזיק שפּילט, דאָס ווייבל טאַנצט, די קאָלירטע בענדער צעפליען זיך אין דער לופטן, די טאַץ בלאַנקט און בליצט... דער עולם שרייט: „מזל טוב" און וואַרפט מטבעות; דאָס ווייבל טאַנצט אונטער און כאַפּט זיי אַריין אין טאַץ, — די מטבעות בליצן און קלינגען צו צום טאַקט...

וואָס איז עס? אַ קלייניקייט: בערדיטשעוו איז אַ יידישע שטאָט און האָט יידישע מנהגים; אַזוי איז מען זיך נוהג צוזאַמענ־צונעמען אויף הכנסת־כלה!...

חיימל האָט געוואוסט פון מנהג. ער האָט געוואוסט, אַז די ווייבער קלערן זיך אויס טענץ, און פדהצור אַליין מאַכט פאַר יעדעס מאָל אַ נייעם ניגון; דאָס איז שוין זיין מצוה געוועזן! מען קומט צו'ן אים, מען דערציילט אים פון דער כלה, פון איר משפחה, פון שידוך, פון דלות... ער הערט, שווייגנדיק, מיט פאַרמאַכטע אויגן, טייל מאָל פאַרשטעלט ער זיך דעם פנים מיט די הענט

און אז מען ענדיקט, עס ווערט שטיל, הייבט אָן פדהצור צו ברו-
מען אניגון...

דאָס אַלץ האָט חיימל געוואוסט, וואָס דען שטייט ער מיט
אָפענע מויל און אויערן?

ער האָט נאָך אַזאַ „פריילאַכס" נישט געהערט. עס לאַכט און
וויינט צוזאַמען; עס פילט זיך אי צער, אי תענוג. האַרץ-ווייי און
גליק; אַלץ אויסגעמישט, צוזאַמענגעשמאָלצן... אַן אמתער יתומהס
אַ חתונה!

פלוצלונג איז ער אונטערגעשפרונגען: ער האָט וואָס ער
דאַרף!

---

צוריקפאָרנדיק פון בערדיטשעוו, האָט דער בעל-עגלה אויפ-
גענומען פאַרשוינען. חיימל האָט אים נישט געוועדט. און די פּאַר-
שוינען, און גראָד מבינים, האָבן דערציילט, אַז אַזוי ווי זיי זיינען
אַריינגעפאָרן אין וואַלד, האָט היימל אָנגעהויבן צו זינגען.

געזונגען האָט ער פדהצורס „פריילאַכס"; נאָר דערפון איז
שוין געוואָרן גאָר אַן אַנדערע זאַך, דער מזל-טוב פון הכנסת-כלה
איז מגולגל געוואָרן אין אמתן „אל מלא רחמים".

און אינמיטן שטילן געוויש פון ביימער איז אַרויסגעשוואו-
מען אַ שטילער, זיסער שטילער ניגון...

און דעם ניגון, האָט זיך געדאַכט, האַלט אונטער אַ גרויסע,
נאָר אַ שטילע קאַפּעלע משוררים, דאָס האָבן גערוישט די ביימער
אין וואַלד...

שטיל און האַרציק האָט זיך דער ניגון געקלאָגט; געבעטן
זיך רחמים, ווי אַ קראַנקער בעט אויף זיין לעבן...

דערנאָך הייבט דער ניגון אָן צו זיפצן, צו בעטן זיך מיט
קוו צע אויסגעשרייען; מען פילט, אַז עמיץ קלאַפּט זיך אין האַרץ
אַריין „על חטא"—ציּ איז עס יום-כפור, ציּ זאָגט עמיץ ווידוי?

נאָר העכער, און אין איין וועג צעבראָכענער, ווערט דער
קול; וואָס אַמאָל אָפּגעריסענער, ווי פון טרערן דערשטיקט, ווי פון
יסורים איבערגעהאַקט,—דערנאָך עטלאַכע טיפערע זיפצן, אַ שאַר-

פער אויסגעשריי! איינער... א צווייטער און פלוצלונג רייסט זיך עס איינגאַנצן אָפּ, שטיל,—עמיק איז געשטאָרבן...

דער ניגון וועקט זיך ווייטער אויף, און ער פאַלט שוין אריין אין הייסע, ברענענדיקע געשרייען. און די געשרייען פליען, יאָגן און פלאָנטערן זיך; עס ווערט א הימל־געשריי, א יאָמער—ווי ביי א לוויה!

און אינמיטן דער לוויה שווימט אַרויס א דין, ריין קינדיש קול; איז עס נאַס, ציטעריק און דערשראָקן.—

קדיש זאָגט אַ קינד!

און עס גייט איבער אין א שטייגער: הוריות, דמיונות, טויזנטער געדאַנקען, וואָס גייען לאַנגזאַם איבער אין זיסע, באַרים־האַרציק־זיסע מעלאָדיען... עס טרייסט עס רעדט איין... און מיט אַזאַ גוטסקייט, מיט אַזאַ מסירת נפש, מיט אַזאַ פעסטן גלויבן, אַז עס ווערט ווייטער גוט, ווייטער זיס; עס גלוסט זיך ווייטער צו לעבן. עס ווילט זיך לעבן, עס ווילט זיך האָפן!

אויסגעגאַנגען זיינען שיר די מענטשן.

— וואָס איז עס? פרעגן זיי.

— אַן „אל מלא רחמים”, ענטפערט ר׳ חיים. פּזר קאַצ־נערס יתומה אַן אל מלא רחמים!

— נישט כדאי אַפילו, ענטפערן זיי, אַן עבירה דער ניגון, נאָר די וועלט וועט איר אָפּנעמען, ר׳ חיימל, די קיעווער לייט וועלן אויסגיין....

---

די קיעווער לייט זיינען נישט אויסגעגאַנגען!

ביי די קאַצנערס איז שוין קיין יידיש באַלעבאַטישע חתונה נישט געוועזן... און דער אל מלא רחמים האָט פאַרן עולם נישט געפאַסט.

די קיעווער לייט ווילן בעסער טאַנצן מיט דאַמען. נאָך וואָס „שטייגער”? נאָך וואָס „מאָראַלישע” זאַכן?

און גלאַס, נאָך וועמען אַן אל מלא רחמים? נאָכן אַלטן קמצן?

דער אַלטער קמצן זאָל לעבן, וואָלט די כלה קיין העלפּפ

בדן נישט געהאַט, קיין אויסשטייער אַוודאי נישט, עס וואָלט די
חתונה גאָר אַן אַנדער פּנים געהאַט! זאָל ער היינט אויפשטיין
און זען דאָס ווייס אַטלאַסענע קלייד מיט שפּיצן, דעם שלייער;
זאָל ער זען די ווייבצן, די טאָרטן, די פישן און פליישן, אונטער
וועלכע עס ברעכן זיך די טישן, — וואָלט ער דאָך נאָך אַמאָל
געשטאָרבן און—שוין נישט אַזוי לײַכט ווי פריער!

און וואָס דאַרף מען די גאַנצע צערעמאָניע, די גאַנצע באַ-
דעקנס... אַלטע נאַרישע מנהגים!

— געשווינדער! שרייט דער קיעווער עולם.

דער אָרימער חיימל! ער האָט אָפּגעשטעלט די
קאַפּעלע, מיט האַרצקלאַפּן, געצויגן דעם סמיטשיק איבער
די סטרונעס... דער פּראָסטער עולם האָט שוין אָנגעהויבן פּינט-
לען מיט די אויגן, ביי טייל רינען שוין טרערן, — און דאָ גיט
איינער, אַ קיעווער, א געשריי:

— וואָס איז דאָ? אַ חתונה, צי אַ לוויה?

און אַז חיימל מאַכט זיך נישט הערנדיק און שפּילט ווייטער
הייבט ער אָן, דער קיעווער, צו פייפן...

און פייפן פייפט ער גראָד אויסגענומען וואויל... ער האָט
שוין געכאַפּט דעם ניגון און פייפט אים כהויה! און פייפט, וואָס
אַמאָל געשווינדער, אויסגעלאַסענער, ווילדער! און אַלץ דעם איי-
גענעם ניגון!...

די קאַפּעלע בלייבט שטיל. און עס הערט זיך נאָר אַ מלחמה
צווישן דער מאָראַלישער פידל מיטן עזות-מחוצפן פייפן...

און דאָס פייפן איז גובר! עס יאָגט אונטער דעם סמיטשיק!
די פידל וויינט שוין נישט, פריער קרעכצט זי, דערנאָך הייבט זי
אויך אָן צו לאַכן!

און פלוצים האָט חיים איבערגעהאַקט. מיט פאַרביסענע ליפּן
און ווילד-ברענענדיקע אויגן, שפּרינגט ער איבער אויף אַן אַנדערע
סטרונע, און הייבט אָן נאָך געשווינדער צו שפּילן, איבעריאָגן וויל
ער דאָס פייפן!

ניין, עס איז שוין קיין שפּילן נישט געוועזן! די פידל
וואַרפט אַרויס פון זיך אָפּגעריסענע געשרייען, געוואַלדיקע קולות...

און זיי ווארפן זיך, און דרייען זיך אַרום ווי אין אַ ווירבל־ווינט, אַלץ אַרום, דאַכט זיך, טאַנצט: די שטוב, די קאַפּעלע, די געסט, די כלה אויף דער שטול, חיימל אַליין מיט דער פידל...

עס איז קיין פריילאַכס, קיין אל מלא רחמים, עס איז קיין שפּילן! אַ טאַנצנדיק־משוגעת איז עס, אַ ווילד־משונהדיקער חולה־נופל, רחמנא־ליצלן...

און עס האָט אַזוי לאַנג געדויערט, ביז די סטרונע האָט געפּלאַצט.

— בראַוואָ, חיימל, בראַוואָ! — האָבן די קיעווער לייט געשריען...

צי האָבן זיי דערמיט דעם אַלטן קמצן אַ טובה געטאָן? אַז אָסור!

---

אין עטלאַכע יאָר אַרום איז דער ניגון, מן הסתם דורך איינעם פון די קיעווער לייט, אַריין אין טעאַטער!

וואָס איז אַזוינס טעאַטער! אַלטע משכּילים פלעגן גלויבן, אַז טעאַטער איז בעסער פאַר אַ מוסר־ספר, שטאַרקער פאַרן „ראשית חכמה" להבדיל! איר זאָגט אַוודאי, אַז טעאַטער איז טרפה ווי חזיר...

ביי אונז זאָגט מען, אַז עס ווענדט זיך אין דעם, וואָס מען שפּילט אין טעאַטער!

געווען איז עס שוין אין וואַרשע...

דאָס טעאַטער איז פול, קאָפּ אויף קאָפּ. די מוזיק הייבט אָן שפּילן.

וואָס שפּילט די מוזיק?

אַ גערויש, אַ מהומה שפּילט זי, — — אַ דור הפלגה! חיימלס „אל מלא רחמים", נאָר אויפן אָרט פון וואָלאַך — אַ מהומה: די כלים יאָגן זיך, טרייבן זיך און קנאַקן!

עס רודערט, עס קלאַפּט און עס פייפט... נישט עס דונערט, נישט הייזער פאַלן, גלאַט אַ געפּילדער! צי גליטשן זיך שדים אויפן ים הקרח, צי רייסן זיך טויזנטער חיות רעות פון גיהנם אַרויס? אַ ציטערניש נעמט דורך דאָס טעאַטער!

פלוצים רייסט זיך אַריין דער בּאַס! מכלומרשט, אין כעס איז ער! ער בּייזערט זיך. וואָס איז דאָס? נאָר — פאַלש! מען פילט, אַז ער בּייזערט זיך נישט ערנסט. און אַ מאָדנע פייפערל שפּרינגט אונטער, עס פליט דורך די קאַפּעלע מיט זיגזאַגן פון אַ בּליץ און מיט אַ געלעכטער פון אַן אמתן לץ: כאַ-כאַ-כאַ! און כי-כי-כי! דער קלאַרנעט איילט זיך נאָך! און מעשים טוט ער, דער קלאַרנעט! להכעיס טוט ער, מען פילט בּחוש דעם להכעיס!

און אַצונד ערשט שווימען אַרויס דריי-פיר פידל... און משונה-זיס שפּילן זיי, די פידל, משונה-זיס ווי די תאוה אַליין, ווי דער יצר-הרע, ווען עס רינט אים האָניק פון מויל! און עס נאַרט זיך אַריין, דאָס שפּילן, אין די הערצער; עס פליסט אַריין ווי אַ בּוימל און פאַרשיכּורט ווי אַלטער ווײַן!

אויפגעפלאַמט ווערט דאָס טעאַטער: די מיילער אָפן, און די אויגן בּליצן!

און דאָ הייבּט זיך ערשט אויף דער פאָרהאַנג און עס בּאַווייזן זיך אַן „ער" און אַ „זי" — אַ „בּן-מלך" מיט אַ „בּת-מלכה", און זיי זינגען!

זיי זינגען מיט ווערטער, מיט פלאַמענדיקע ווערטער, ווי בּרענענדיקע שלאַנגען פליען זיי פון די מיילער אַרויס! און דאָס גיהנם בּרענט זיי אויף די פּנימער; ווי די טייוולאָנים שפּרינגען זיי זיך אַקעגן! און דאָס האַלזן זיך, דאָס קושן זיך, דאָס זינגען און דאָס שפּרינגען — גייט אַלץ שנעלער און שנעלער, און ווערט פייער-פלאַמענדיקער מיט יעדער רגע!

און אינם פייער בּרענט שוין דאָס גאַנצע טעאַטער. די גאַנצע גאַלעריע מיט זכרים און נקבות, מיט די דערהיצט פאַר-שוויצטע פּנימער און ווילד פלאַמענדיקע אויגן... ווי אַ מבול האָט עס פאַרפלייצט!

און דאָס גאַנצע טעאַטער זינגט!

אַ ים פון בּרענענדיקער תאוה האָט זיך אויסגעגאָסן — אַ גיהנם בּרענט! שדים טאַנצן, מלאכי-חבלה פירן אַ פייערדיק ראָד...

**דאָס איז געוואָרן פון פדהצורס „הכנסת-כלה, דורך חיימלס אל מלא רחמים, מיטן קיעווערס הילף!**

---

נאָר פאַלן האָט קיין שיעור נישט!

חרוב געוואָרן איז דאָס „יידישע" טעאַטער. די „בני-מלכים" זיינען צוריק שוסטער און שניידער געוואָרן; די בת-מלכהס האָבן זיך צוריקגעשטעלט צום קוימען. און מאַנכע פון די טעאַטער-ניגונים זיינען מגולגל געוואָרן אין שאַרמאַנקעס...

אונזער ניגון איז שוין קוים צו דערקענען!

אַן אויסגעקראָכענער דיוואַן ליגט אויסגעשפרייט אויף אַ הויף... צוויי מענער אין לייבקאָליר מאַכן קונצן, צוזאַמען מיט אַן אויסגעדאַרט בלאַס מיידעלע, וואָס זיי האָבן ערגעץ געגנבעט...

איינער כאַפּט אַ לייטער אויף אַ צאָן. פייל פון בויגן לויפט דאָס מיידעלע אַרויף ביזן העכסטן שטאַפּל, און שפּרינגט פון דאָרטן אַראָפּ, און בלייבט שטיין אויפן צווייטנס אַקסל! דער ערשטער דערלאַנגט איר דערוויל אין פלייצע; זי מאַכט עטלאַכע קאָזיאָלקעס אין דער לופט, און בלייבט שטיין, פאַרן עולם אין הויף, מיט אַן אויסגעשפּרייטער האַנט, און בעטלט אַ נדבה!

עס איז אויך אַ טעאַטער, נאָר אַ טעאַטער פאַר געמיינע לייט: פאַר משרתים און דינסטן!

אונטערן הימל שפּילט מען. קאָסט עס ביליג, קויפט מען קיין בילעטן ניט, וואַרפט מען צווייערס און דרייערס! און זי מאַכט עס אַזוי קונציק, דאָס דאַרע מיידעלע!

דיקע טראָפּן שווייס רינען איר פון רויט געמאָלטן פּנים, אין די איינגעפאַלענע אויגן ברענט אַ צער,—נאָר דאָס זעט נישט דער עולם; זי אָטעמט שווער, דאָס הערט ער נישט! ער זעט נאָר די שיינע קונצן, ער הערט נאָר די שיינע מוזיק פון שאַרמאַנקע!

און די נשמה אין דעם דאַרן גוף פון אָרימען, געגנבעטן קינד, און דער אָרימער ניגון אין דער הייזעריק-בלעכערנער שאַר-מאַנקע, — ביידע קרעכצן, וויינען און צאַפּלען, ביידע בעטן זיך תיקון...

**עס איז אָבער באַשערט געווען, אַז** פֿריהצורס „הכנסת כלה" **װאָל אויפגעריכט** ווערן! גייענדיק פון הויז צו הויז, וואַנדערנדיק פון שטאָט צו שטאָט, האָבן די קונצנמאַכער אַזוי לאַנג מיטגע-שלעפּט דאָס אָרימע קינד, ביז עס איז, לא עליכם, קראַנק געוואָרן. .

עס איז געווען אין ראַדזיוויל ביי דער גרעניץ. דאָרט האָבן זיי דאָס קראַנקע קינד איבערגעלאָזט אונטער אַ צוים און זיינען די גרעניץ אַריבער. יאָג נאָך דעם ווינט אויפן פעלד! האַלב נאַקעט מיט ברוינע-בלאָע צייכן פון שלעג אויפן לייב, איז עס געלעגן אין אַ היץ!

רחמנותדיקע לייט האָבן דאָס קינד אויפגעהויבן און גע-טראָגן אין הקדש אַריין... אויסגעהאַלטן האָט דאָס קינד אַ טיפוס, און אַרויס איז עס פון שפּיטאָל אַ בלנדע אויף ביידע אויגן!

און אַצונד בעטלט דאָס אָרימע קינד. פון הויז צו הויז גייט עס, פון טיר צו טיר און בעטלט...

און כמעט זי רעדט נישט... זי קען מיט ווערטער נישט בעט-לען... זי שטעלט זיך ערגיץ אָפּ, און וואַרט; דערזעט מען זי נישט, הייבט זי אָן זינגען איר ניגון מען זאָל זי דערהערן... און דער ניגון איז פון דער שאַרמאַנקע!

און וואָס זאָגט אַצונד דער ניגון?

רחמים בעט ער זיך! רחמנות פאַר אַן אומגליקלאַך קינד...

„שלעכטע מענטשן האָבן מיך אַרויסגעגנבעט פון אַ גוטן טאַטן, פון אַ האַרציקער מאַמען, פון אַ וואַרימער און זאַטער היים!"

„מען האָט מיך אַרויסגעריסן פון אַלעם גוטן; אויסגענוצט און אַרויסגעוואָרפן ווי אַ שאָל פון אַן אויסגעגעסענער נוסו"

„רחמנות פאַר אַן אָרים, אָרים קינד!"

און נאָך בעט זיך דער ניגון:

„עס איז קאַלט און איך גיי נאַקעט; הונגעריק **בין איך** אויך.. און דעם קאָפּ, וואו אַנידערצולייגן, האָב איך אויך נישט.. און בלינד בין איך דערצו!..."

אַזוי האָט דער ניגון געבעטן. און דאָס איז געווען זיין ערשטע מדרגה אַרויף — מען האָט דורך אים צדקה געגעבן!

אין ראַדזיוויל איז געווען אַ ייד אַ למדן... ער איז אפילו קיין מתנגד ניט געווען, קיין חולק אוודאי נישט, נאָר ער האָט פשוט קיין צייט נישט געהאַט צו פאָרן... ער האָט די גמרא נישט פאַרמאַכט!

פאַר ביטול תורה האָט ער מורא געהאַט!

מען זאָל אים אין בית־המדרש נישט מבטל זיין פון למוד, פלעגט ער זיצן און לערנען אינדערהיים; דאָס ווייב זיצט אַ גאַנצן טאָג אין קלייט, די קינדער — אין חדר.

עס פלעגט אים אַמאָל דורכפליען אין קאָפּ אַ רעיון: אפשר פאָרן ערגעץ? דאָס האָט אים דער יצר־טוב, מן הסתם, אונטער־געזאָגט. וואָס טוט דער יצר־הרע? פאַרשטעלט ער זיך אין יצר־טוב און ענטפערט: מהיכא תיתי, אוודאי דאַרף מען אַמאָל פאָרן! נאָר עס איז נאָך צייט: מען דאַרף פריער ענדיקן די מסכתא, יענע מסכתא!... און אַזוי זיינען אַוועק חדשים און יאָרן!

פון הימל האָט מען אָבער, אַ פנים, געוואָלט, ער זאָל קומען צו ר' דודלען!

מאַכט זיך אַזאַ מעשה:

איינמאָל זיצט ער זיך, דער למדן, און לערנט, און דער־הערט אַ געזאַנג פאַר דער טיר; בייזערט ער זיך אויף זיך אַליין:

אַז מען זיצט און לערנט דאַרף מען נישט הערן, וואָס אין גאַס, וואָס פאַר דער טיר טוט זיך! מען דאַרף בטל ווערן אין דער תורה!

ער הערט דאָך אָבער פאָרט; נעמט ער און פאַרשטאָפּט זיך מיט די פינגער די אויערן. דער ניגון גנבעט זיך אָבער פאָרט אַריין; אונטער די פינגער גנבעט ער זיך. ווערט ער נאָך מער בייז, כאַפּט ער מיט כעס די לאַנגע באָרד אין מויל אַריין און, בייסנדיק די באָרד, לערנט ער ווייטער! מיט כוח לערנט ער!

דער ניגון לאָזט נישט אָפּ. ער הערט אים וואָס אַמאָל שאַר־פער. אינמיטן דערפילט ער, אַז עס איז קול באשה — אַ מיידל זינגט! גיט ער שוין אַ געשריי אַרויס אויף אַ קול: חצופה! אַוועק פון מיין הויז! גייט דער ניגון אַוועק... נאָר, אַ מעשה נורא — מען זינגט שוין נישט. און ער הערט ווייטער! דער ניגון זינגט

זיך אים אליין אין אויער, אין דער נשמה! מיט כּוח קוקט ער אין ספר אַריין, מיט כּוח וויל ער זיך דורכנעמען מיט דער סוגיא, עס גייט נישט! דעם למדנס נשמה ווערט וואָס אַמאָל פולער און פולער מיטן ניגון...

פאַרמאַכט ער די גמרא און שטעלט זיך דאַוונען מנחה.—

ער קען אָבער נישט, נישט לערנען, נישט דאַוונען, גאָרנישט! ווי אַ זילבערן גלעקל קלינגט אין אים דער ניגון! דער מענטש האַלט עס נישט אויס! ער גייט ממש אויס פאַר צער! עס גייט אַוועק אַ טאָג, אַ צווייטער, אַ דריטער — ער פאַלט שיר נישט אין אַ מרה שחורה אַריין... ער פאַסט תעניתים—עס העלפט נישט! ער קען דעם ניגון נישט פּטור ווערן! ער וועקט אים ביינאַכט פון שלאָף!

און דאָס איז אַ מענטש, וואָס האָט, זייט ער לעבט, קיין מנחה פאַר אַן עמוד נישט געדאַוונט; כּמעט קיין קול נגינה פון זיך נישט אַרויסגעגעבן! שבת פלעגט ער די זמירות אָפּזאָגן און אויפן אָרט פון זינגען — לערנען אַ בלאַט גמרא!

פאַרשטייט ער דאָך, אַז עס איז נישט פּשוט!

„מעשה שטן"! טראַכט ער און פאַלט ביי זיך אָפּ גאָר אינגאַנצן.

דאַכט זיך, אַז אַצינד מוז מען שוין פאָרן?

פרעגט אָבער דער יצר־הרע: יאָ, פאָרן, נאָר וואוהין? צדיקים איז דאָ אַ סך, — וועלכער איז דער אמת ער צדיק, ביי וועמען קען מען באמת אַ פּעולה האָבן? הייבט אָן דער למדן צו קלערן.

באַקומט ער נאָך אַ ווינק פון אויבן.

מאַכט זיך אַ מעשה און ר' דודל טאַלנער מוז עוקר זיין און פאָרן איבער ראַדזיוויל...

די מעשה פון דער מסירה ווייסט איר אַוודאי. און זאָגן זאָג איך אייך, אַז עס איז אַן עונש געווען! מען האָט נישט געדאַרפט אַרויסגנבענען ר' דודלען פון וואַסילקאָוו און פירן קיין טאַלנע; מען האָט נישט געדאַרפט מבייש זיין קיין שטאָט! און חרב ונחרב איז דאָס וואַסילקאָוו, נעבאַך, געוואָרן!

די גאַסטהייזער האָט מען פאַרמאַכט; אַרום און אַרום די
קרעטשמעס זיינען בטל געוואָרן! עד כּפר לחם זיינען זיי, לא
עליכם, געקומען...

נאַ דיר! מסרט מען און טאַלנע ווערט אויך חרוב!

ר' דודל האָט געהאַט אַ גאָלדענע שטול, מיט אַן אויסגע-
קריצטן פסוק: דוד מלך ישראל חי וקים! מאַכן מוסרים דערפון
אַ פּאָלאָטיקע און עס שלאָגט אָן אין פעטערבורג...

מילא, מיר ווייסן, אַז עס איז געווען בבחינת: מאַן מלכי
רבנן... נאָר גיי פאַרטייטש עס די גענעראַלן אין פעטערבורג!
הכלל, ר' דודל מוז עוקר זיין, האַלט ער, דורכפאָרנדיק,
שבת אין ראַדזיוויל, און אונזער ראַדזיווילער למדן גייט למזל
צום שלש סעודות!

דער יצר=הרע גיט זיך אָבער נאָך נישט אונטער. ער קומט
אַריין און זעט אַ קליין יידעלע, טאַקע אַ פּיצל יידעלע זיצט
אויבנאָן ביים טיש, מען זעט נישט מער אַרויס נאָר אַ גרויס, גאָר
אַ גרויס שטריימל מיט זילבערנע האָר, וואָס פאַלן אים אויפן
פּנים! מען זיצט שווייגנדיק, מען זאָגט קיין תורה נישט... אַנטפאַלט
אים טאַקע, דעם למדן, דאָס האַרץ...

דאָס איז עס און גאָר? טראַכט ער דער למדן.

נאָר ר' דודל האָט אים שוין דערזען און גיט אַ זאָג: זעץ
דיך, למדן.

און באותו הרגע איז ער שוין צו זיך געקומען. ער האָט
שוין געכאַפּט ר' דודלס אַ בליק, עס האָט אים שוין אַ ברי גע-
טאָן ביי דער נשמה!

איר האָט אוודאי געהערט פון טאַלנערס אויגן! אין זיינס
אַ בליק האָט געשטעקט אי שררות, אי קדושה, אי גבורה; וואָס
איר ווילט האָט אין בליק געשטעקט!

און, אַז ר' דודל זאָגט: זעץ דיך, מאַכט מען שוין דעם
למדן אַן אָרט ביים ר"ש. זעצט ער זיך און וואַרט.

און אַז ר' דודל זאָגט ווייטער:

— מען איז מכבד דעם למדן מיט אַ ניגון! אַנטפאַלט אים
די מוטערס מילך: ער — און אַ ניגון...

**נאָר עמיץ דערלאַנגט אים שוין אין פּלייצע: אז ר׳ דודל הייסט, זינגט מען! מילא, זינגט ער!**

און ער הייבט, נעבאַך, אָן מיט אַ ציטער; און ער שטאַמלט קוים אַרויס אַ התחלה פון אַ ניגון. און וואָס וויל ער זינגען, דער למדן? מן-הסתם דער יתומהס ניגון; קיין אַנדערן קען ער נישט! און ער ציטערט, און שטאַמלט, און זינגט. און דער ניגון ווערט שוין ווייטער אַן אַנדערער! ער האָט שוין אַ ריח תורה, אַ יניקה פון קדושת שבת, מיט אַ הרהור תשובה פון אַ ייד אַ למדן... און זינגענדיק, דערפילט ער, דער למדן, דעם ניגון, און הייבט אָן וואָס אַ רגע בעסער און פרייער צו זינגען...

אינמיטן הייבט אָן ר׳ דודל, ווי זיין שטייגער פלעגט זיין, שטילערהייט אונטערצוברומען, דער עולם דערהערט און כאַפּט אונטער. מיטן עולם צוזאַמען צעהיצט זיך דער למדן אויך, ער קריגט אַ ברען! ער איז שוין גאָר אַרויס פון די כלים, — ער זינגט טאַקע!

און דער ניגון הויבט זיך אָן פּלוצים צו גיסן ווי אַ „נהר-די-נור“ — אַ פייערפלאַמענדיקער טייך... און די פּאַליעס שלאָגן אַלץ ברייטער און העכער, אַלץ פייערדיקער און פלאַמענדיקער!

און עס ווערט דעם ניגון שוין ענג אין שטוב, און ער רייסט זיך דורך די פענסטער אין גאַס אַריין! און עס גיסט זיך אין גאַס אַריין אַ ים פון קדושה, פון פייערדיקער קדושה; און נבהל ונשתומם רופט דער עולם אין גאַס:

— דער יתומהס ניגון! דער יתומהס ניגון!

---

דער ניגון האָט באַקומען תיקון און דער למדן אויך.

פאַרן אוועקפאָרן האָט אים ר׳ דודל אַוועקגענומען אין אַ זייט און געזאָגט אַ פּאָר ווערטער.

— למדן — האָט ער אים געזאָגט — האָסט מבייש געווען אַ בת-ישראל! דו ביסט אויפן שורש פון איר ניגון קיין מבין נישט געווען! האָסט זי גערופן חצופה! —

— גיט מיר, רבי, א תשובה דערויף — בעט זיך דער למדן.

— נישט נייטיק, — מאכט דער רבי, זכרונו לברכה, אויפן ערט פון תשובה טו בעסער א מצוה!

— וואָס פאַר א מצוה, רבי?

— מאַך דעם מיידל חתונה; הכנסת-כלה איז א גרויס מצוה!

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און צונד הערט די צווייטע זייט פון דער מעשה:

אין עטלאַכע יאָר שפּעטער, אַז דאָס מיידל האָט שוין לאַנג חתונה געהאַט מיט אַן אַלמן אַ סופר, איז מען ערשט געוואָר געוואָרן פון וואַנען זי קומט אַרויס!

עס האָט זיך אויסגעוויזן, אַז דאָס מיידל איז דעם אלטן קאַצנערס אַן אייניקל! און די מעשה איז אַזוי געווען:

דער איידים זיינער, דער קיעווער, איז זיך אַמאָל געגאַנגען מיטן ווייב אין טעאַטער אַריין אויף אַ גאַנצן אָוונט. און טאַקע דעם אָוונט האָט מען זיי אָוועקגעגנבעט דאָס איינציקע קינד...

נאָר אָפּגעבן זיי די טאָכטער האָט מען שוין נישט געקאָנט...

די מוטער האָט שוין לאַנג נישט געלעבט און דער פאָטער איז שוין לאַנג געווען אין אַמעריקע...

———

## פאַרטײַטשונגען פון די שווערע העבֿרעאישע ווערטער, וועלכע געפינען זיך אין דעם ווערק.

**מלוה מלכּה** (אַ סעודה שבת-צונאַכט צו באַגלייטן דעם שבת)
**העכסטער מדרגה פון דבקות** (די העכסטע מדרגה פון פאַרגעטערונג)
**תוכו רצוף אַהבה** (איבעראַל איבערפילט מיט ליבע)
**ראה עמידתנו** (זע אונזער לאַגע)
**ברור כּשמש** (קלאָר ווי דער טאָג, ווי די זון)
**ראש וראשון** (דער עלטסטער)
**באשר בכן** (ווייל דאָס איז אַזוי און אַזוי)
**קמצן** (אַ קאַרגער)
**ים הקרח** (דער פאַרפראָרענער ים)
**ביטול תורה** (ניט לערנען)
**מעשה נורא** (אַ שרעקלאַכע געשיכטע)
**סוגיא** (אָפּטיילונג)
**עד כּכּר לחם** (ביזן לעצטן ביסן ברויט)
**מאן מלכי רבנן** (ווער זיינען די קעניגן די לומדים)
**באותו הרגע** (אין דער מינוט)

## ווילנער פאַרלאַג
פון
# ב. א. קלעצקין

## אַלע ווערק פון י. ל. פרץ.

I באנד פאַלקסטימלעכע געשיכטן
II די צייט
III דראמען
IV אדם וחוה (אין 5 טייל)
V חסידיש
VI פאר קליין און גרויס
VII סקיצן און בילדער
VIII איפיזאָדן און פעליעטאָנען
IX אלט און ניי
X פון שטוב און גאס
מיינע זכרונות

## שלום אַש.

מערי (ראמאן)
ר' שלמה נגיד
דראמען, באנד I, II, III
דערציילונגען, באנד IV, V
א שטעטל
דאָס נייע לעבן

א ד ר ע ס:
Wydawnictwo Wileńskie B. KLECKINA,
Wilna, Mało-Stefańska 23